# מאָרים ווינטשעווסקי

(לייענביכל)

צוזאַמענגעשטעלט פון אַ לערער־קאָמיסיע

## פון די אידישע קינדער שולן ביים א. אָ. אָ.



ארויסגעגעבן צום ערשטן יאָרצייט

— פון —

מ. ווינטשעווסקי, מערץ, 1933

פ א ר ל א ג

אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן

80 פינפטע עוועניו

ניו יאָרק, 1933

# אינהאַלט

קאַלמען מאַרמאָר

# מאָריס ווינטשעװסקי

## 1. קינדער־יאָרן

מאָריס ווינטשעװסקי איז געבוירן געוואָרן דעם 9טן אָגוסט, 1855.

זיינע ערשטע זעקס יאָר האָט ער פאַרבראַכט אין יאַנאָווע, אַ קליין שטעטל אין ליטע. נאָכדעם האָבן זיינע עלטערן זיך באַזעצט אין קאָוונע. זיי האָבן דאָרט געוואוינט צווישן די סאַמע אָרעמסטע אידישע מאַסן. ווינטשעװסקיס כאַווירים זיינען געווען הונגעריקע, אָפּגעריסענע, היימלאָזע קינדער. ער פלעגט אָפט באַהאַלטענערהייט אַרויסטראָגן פון שטוב דאָס לעצטע שטיקל ברויט, כדי צו שטילן דעם הונגער פון זיינע כאַווירים.

ווינטשעװסקיס אָרעמע עלטערן האָבן זיך אַ סאַך אָפּגעגעבן מיט געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. זייער הויז איז אַלעמאָל געווען פול מיט מענטשן וואָס זוכן הילף. זיין זיידע האָט אַנטייל גענומען און איז דערהאַרגעט געוואָרן אין פוילישן אויפשטאַנד פון יאָר 1831. זיין באָבע האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע. זי איז געווען אַ מאַמע פאַר היימלאָזע קינדער. זי האָט זיי געקאָרמעט, געוואַשן און געקעמט.

פון זיין 5טן יאָר אָן האָט ווינטשעװסקי געלערנט אין כיידער און ביי זיין טאַטן. צו 11 יאָר טרעט ער אַריין אין אַ רוסישער פאָלקס־שול. ער פלאַנט אויך צו באַזוכן די גימנאַזיע (מיטלשול). זיין טאַטע קען אָבער פאַר אים ניט צאָלן. שיקט ער אים קיין ווילנע לערנען אין דער ראַבינער־שול. דאָרט זעט דער 15־יאָריקער ווינטשעװסקי, אַז די שילער, וואָס לערנען פאַר ראַבאָנים האַלטן גאָרניט פון אידישקייט. אים עקלט פון אַזאַ היפּאָקריטסטווע, פאָרט ער אָפּ צוריק אין קאָוונע.

## 2. יוגנט

די אָרעמקייט צווינגט ווינטשעװסקין אויפצוגעבן זיינע פּלענער צו שטודירן. ער קומט אָן אָף אַ שטעלע אין אַ באַנק. גלייכצייטיק הייבט ער אָן שרייבן. זיין ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט איז געווען אַ בריוו אין אַ ציימונג אין יאָר 1873. ער באַשרייבט דאָרט ווי אַזוי אָרעמע קינדער ווערן דערצויגן אין אַ קאָוונער טאַלמוד־טוירע.

צוליב זיין שטעלע אין באַנק ווערט ווינטשעװסקי פאַרטראָגן טיף אין רוסלאַנד, אין דער שטאָט אָריאָל. ער פאַרברענגט דאָרט אַרום צוויי יאָר (1874־1875). דאָרט ווערט ער באַקאַנט מיט דער רוסישער אונטערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די רוסישע רעוואָלוציאָנערן פון יענער צייט האָבן געהייסן „פאָלקיסטן". זייער אידעאַל איז געווען „גיין צווישן פאָלק",

צום פּויער אין דאָרף און אים אַגיטירן געגן דער צאַרישער רעגירונג. דערצו איז געווען נייטיק צו ריידן די שפּראַך פון רוסישן פּויער, קאָנען אַרבעטן מיט אים אָפן פעלד און לעבן אַזוי ווי ער. דער יונגער אידישער באָכער פון קאָוונע האָט עס ניט געקאָנט. נאָך ווען ווינטשעווסקי איז צוריקגעקומען אַהיים האָט ער איינגעזען, אַז ער קען „גיין צווישן פאָלק", צו די אָרעמע אידישע מאַסן. ער הייבט אָן אַגיטירן צווישן זיינע באַקאַנטע אידישע יונגעלייט עפּעס וואָס צו טאָן אָפּצושאַפן נויט און עלנט. גלייכצייטיק שרייבט ער לידער אין וועלכע ער דריקט אויס ליבע צום אָרעמאַן און האַס צו זיין אונטערדריקער. נאָך אַן אַרבעטער־קעמפער ווערט ווינטשעווסקי ערשט, ווען ער קלייבט זיך אַריבער אין קעניגסבערג (דייטשלאַנד) אין יאָר 1877.

אין קעניגסבערג באַקענט זיך ווינטשעווסקי מיט דער ערשטער סאָציאַ־ליסטישער צייטונג פאַר אידן, אַרויסגעגעבן פון אַרן ליבערמאַן אין ווין. ווינטשעווסקי ווערט אויך באַקאַנט מיט דער דייטשער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער לייענט דייטשע סאָציאַליסטישע צייטונגען. די שריפטן פון מאַרקס און לאַסאַל. ווען ליבערמאַן ווערט אַרעסטירט אָנהייב יאָר 1878, איז שוין ווינטשעווסקי גרייט פאָרצוזעצן די סאָציאַליסטישע פּראָ־פּאַגאַנדע צווישן אידן. ער רעדאַקטירט אַ העברייאישע צייטונג וואו ער טראַגט אַריין סאָציאַליסטישע אידייען. ער שרייבט דאָרט אויך סאָציאַלע לידער. נאָך די אידישע אַרבעטער מאַסן וויסן ניט דערפון. דערווייל געפינט די עסטרייכישע פּאָליציי ביי ליבערמאַנען בריוו פון ווינטשעווסקין. זי גיט עס איבער צו דער דייטשער רעגירונג. ווינטשעווסקי ווערט אַרעס־טירט, פאַרשפּאַרט אין טורמע, געמישפּעט און דעפּאָרטירט. ער פאָרט אָפּ קיין פּאַריז וואו עס געפינט זיך דעמאָלט אַ היפּשע קאָלאָניע פון רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאָליטישע פאָלקיסטן. ער קאָן זיך דאָרט ניט איינאָרדענען און באַ־זעצט זיך אין לאָנדאָן.

## 3. לאָנדאָן

אין לאָנדאָן דערזעט ווינטשעווסקי צום ערשטן מאָל צענדליקער טויזנטער אידישע שאַפּ אַרבעטער. ער פאַרשטייט, אַז מען דאַרף צו זיי ריידן אין זייער אייגענער אידישער שפּראַך. ער שרייבט אָן אַ רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע בראָשור מיטן נאָמען „ליכטיק זאָל ווערן!" ער גיט אַרויס אַ סאָציאַליסטיש וואָכנבלאַט (צוערשט אָנגערופן „פּוילישער אידל" און נאָכדעם „צוקונפט"). ער העלפט די אידישע אַרבעטער גרינדן זייער ערשטן אייגענעם אָרגאַן דעם „אַרבעטער פריינד" (אין יאָר 1885). דאָרט פאַרעפנטלעכט ווינטשעווסקי זיינע אַרבעטער־לידער, וואָס ווערן געזונגען

נאָך ביז היינטיקן טאָג. דאָרט שרייבט ער אויך זיין באַרימטע סעריע פעליעטאָנען אונטערן נאָמען „צעשלאָגענע געדאַנקען פון אַ ,מעשוגענעם פילאָזאָף". די פעליעטאָנען ווערן אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע אַזוי פּאָפּולער ווי זיינע לידער. דער מעשוגענער פילאָזאָף ווערט געשילדערט ווי אַן אַלטער מאַן, וואָס טיינעט זיך אָפּט אויס מיט זיין יונג אייניקל וועגן פאַרשידענע צייט פראַגן. די אַרבעטער־לייענער האָבן אים דערפאַר אָנגערופן בעקיצער „דער זיידע". אָט אַזוי איז ווינטשעווסקי געוואָרן „דער זיידע פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג", ווען ער איז נאָך ניט אַלט געווען קיין 35 יאָר.

## 4. אַמעריקע

אין יאָר 1894 קומט ווינטשעווסקי קיין אַמעריקע. ער ווערט אויפגענומען פון די אידישע אַרבעטער מאַסן מיט ליבע און אַכטונג. ער גיט אַרויס אין באָסטאָן אַ וואָכנבלאַט מיטן נאָמען „דער אמת". ער העלפט אויך גרינדן דעם „פאָרווערטס", נאָר שפּעטער ווען דער „פאָרווערטס" ווערט געל און פאַרטרעט ניט די אַרבעטער אינטערעסן באַקעמפט אים ווינטשעווסקי. עטלעכע יאָר איז ווינטשעווסקי אויך געווען רעדאַקטאָר פונם סאָציאַליסטישן כוידעש זשורנאַל „צוקונפט" און פון אַ טרייד־יוניאָניסטיש וואָכנבלאַט „גלייכהייט".

אין דער צייט פון דער וועלט־מילכאָמע האָט ווינטשעווסקי דערקלערט, אַז זי מוז פירן צו אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער באַגריסט די באָלשעוויקעס ווען זיי פירן דורך די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. ער אַטאַקירט זייערע קעגנער און פאַרטיידיקט קעסיידער דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער שטעלט זיך אויף דער זייט פונם לינקן פליגל אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. ער טרעט אויך אַרויס זייער שאַרף קעגן אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל דערפאַר וואָס זיי פאַרראַטן דעם אַרבעטער קלאַס. ער רופט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער זיך צו גרופּירן אַרום דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס די קאָמוניסטן האָבן אָרגאַניזירט. באַלד ווי עס ווערט געגרינדעט די „פרייהייט" (אַפּריל 1922), איז ווינטשעווסקי צווישן אירע מיטאַרבעטער.

אין יאָר 1924 באַזוכט ווינטשעווסקי דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיינע 50 יאָר אַרבעט אַלס קלאַסנקעמפער ווערן דאָרט פול אַנערקענט. די רויטע אַרמיי באַגעגנט אים ווי אַ זיגרייכן קריגס־פירער פונם אַרבעטער קלאַס. ער ווערט אויך אַריינגענומען פאַר אַ מיטגליד אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

מיט באַזונדער ליבע באַגעגענען ווינטשעווסקין אומעטום די סאָוועט־

טישע פּיאָנערן. זיי נעמען אים אריין פאַר אַ מיטגליד אין זייער קינדערשער אָרגאַניזאַציע. זיי געפינען אין אים אַ ליבן כאַווער. ווינטשעווסקי האָט זיין גאַנץ לעבן ליב געהאַט קינדער. ער פלעגט זיי דערציילן שיינע מייסעלעך ער האָט זיי דערציילט ווי אַזוי די אַלטע רעוואָלוציאָנערע פּיאָנערן פונם אַרבעטער קלאַס האָבן אַמאָל געקעמפּט און געליטן צוצוגרייטן די באַוועגונג וועלכע האָט אין 1917 געשאַפן די אַרבעטער מעלוכע אף אַ זעקסטל ערד.

## 5. די לעצטע יאָרן

ווען ווינטשעווסקי האָט זיך צוריקגעקערט קיין אַמעריקע האָבן אים די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער באַגעגנט מיט גרויס ליבשאַפט. די פּיאָנערן האָבן באַזונדער פאַר אים אַראַנזשירט אַ פאַרזאַמלונג, וואו ער האָט זיי אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון זייערע כאַווירים, די לענינסטישע פּיאָנערן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. די אַמעריקאַנער פּיאָנערן האָבן אים אַריינגענומען פאַר אַ מיטגליד אין זייער אָרגאַניזאַציע און ער האָט זיך מיט דעם שטאַרק געפרייט.

אַ באַזונדער ליבע האָט ווינטשעווסקי אַרויסגעוויזן צו די קינדער פון אונזערע שולן. ער איז געווען צו שוואַך זיי צו באַזוכן אין זייערע קלאַסן. נאָר אַז זיי פלעגן קומען צו אים אַהיים פלעגט ער זיי קושן און האַלזן און זיי וויזן אַלע מאַטאָנעס, וואָס די פּיאָנערן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָבן אים געשענקט. אַ טייל פון אָט די מאַטאָנעס פלעגט ער אַוועקשענקען די קינדער פאַר זייערע שולן. עס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן פאַרוואָס עס זיינען ניט געווען אַזוינע אידישע קינדער שולן מיט צענדליקער יאָרן צוריק. ער האָט געהאַלטן, אַז אַזוינע פּראָלעטאַרישע שולן וואָלטן זיינע קינדער פון אים ניט פאַרפרעמדט. זיי וואָלטן מיט אים מיטגעגאַנגען צום רעוואָ־לוציאָנערן טייל פונם אַרבעטער־קלאַס און זיך ניט געכאַווערט מיט זיינע סאָנים. זיין פאַרדרוס איז ניט געווען קיין אומזיסטער. ווען ווינטשעווסקי איז געשטאָרבן, דעם 18טן מערץ, 1932, האָבן זיינע קינדער איבערגעגעבן זיין טויטן קערפּער צו די געלע סאָציאַליסטן, וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק געהאַסט. זיי האָבן אויך געבראַכט באַוואָפנטע פּאָליציי ניט צוצולאָזן צו זיין קערפּער זיינע כאַווירים קאָמוניסטן און די צענדליקער טויזנטער רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער וואָס זיינען געקומען אים אָפּגעבן דעם לעצטן קאָווער.

מאָרים ווינטשעווסקי האָט געשריבן פאַרן אַרבעטער קלאַס אַרום 50 יאָר. ער האָט געשריבן לידער, פאַבלען, דראַמעס, פעליעטאָנען, אַפאָריזמען, ביאָגראַפיעס, פּובליציסטיק און אַ פּאָר בענד דערמאָנערונגען. לעקאָוועד זיין 70סטן געבורטסטאָג האָט די „פרייהייט“ אַרויסגעגעבן ווינטשעווסקיס געזאַמלטע ווערק אין 10 בענד. אין איינעם פון אָט די בענד איז אויך באַשריבן זיין לעבן, ווירקן און שאַפן.

## אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט

וואָס טוען צוויי אויפּעלעך קליינע אין גאַס —
אין רעגן אין ווינט און אין קעלט?
די הענטלעך — אייז און די פיסעלעך — נאַס.
די ליפּעלעך בלוי און די בעקעלעך בלאַס;
וואו איז זייער היים אין דער וועלט?
זייער היים? זייער היים בין איך — זאָגט די גאַס
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט.

וואָס בלייבן זיי שטיין מיטאַמאָל דאָ אַליין,
אין רעגן, אין ווינט און אין קעלט?
צום האַנדלען, צו אָרעם, צום בעטלען צו קליין
צו שוואַך און צו ערלעך צום גאַנוועגען גיין,
וואו קריגן זיי עסן אָן געלט?
איצט שווייגט שוין די גאַס, אַך איר האַרץ איז פון שטיין,
דער ווינט שווייגט, דער רעגן, די קעלט.

## אַ מיידעלע אין דער סיטי

לעבן דער בערזע, דעם טעמפּל פון שווינדל,
זע איך טאָג טעגלעך אַן אָרעמעס קינד,
שטייענדיק רואיק און שטיל, ווי אַ הינדל,
נאָענט פון אַן אַלטיטשקן, וועלכער איז בלינד;
שוועבעלעך טראָגנדיק,
שטילערהייט זאָגנדיק,
בעטנדיק: קויפט ביי מיר מעטשעס, מיין הער!
Two boxes a penny, one penny a pair!

דרויסן מעג רעגענען, דונערן בליצן,
זי שטייט זיך גאַנץ רואיק און טוט זיך קיין קער;
זאָרגט נאָר: „אַט קען נאָך דער רעגן באַשפּריצן
דאָס ביסעלע סכוירע", און דייגעט ניט מער;
שטעלט אוים די קליינינקע,
שוואַכינקע, שיינינקע

הענטעלע, — בעטנדיק: מעטשעם קויפט, סער!
Two boxes a penny, one penny a pair!

זי האָט פּאָר קיין רעגנס, קיין ווינט ניט קיין מוירע,
אָבער ווי לאַנג בלייבט אַ גאַסקינד געזונט?
די אויסצערונג קומט — און דאָס ביסעלע סכוירע,
וועלכע זי היט, ווי איר לעבן אצינד
טראָגט שוין אַן אנדערער
קלייניקער וואַנדערער
פונקט ווי זי שרייענדיק: מעטשעם קויפט, סער!
Two boxes a penny, one penny a pair!

## מיין שוואוע

ווען איך בין פּאָר פרייהייט אין טפיסע געזעסן
מיט יאָרן און יאָרן צוריק;
ווען איך בין געווען ווי אַ טויטער פאַרגעסן
פון פריינט, פון ליבע, פון גליק, —
דאַן האָב איך געשוואוירן אַ הייליקע שוואוע,
צו קעמפן פאר עמעס און רעכט;
צו אָפּפערן יוגנט און וואוילטאָג, דאָס רוען,
דאָס רוען פון טעג און פון נעכט, —
קאָלזמאַן ווי דער מענטש וועט פאַרבלייבן אין קייטן
די וועלט, זי וועט זיין אַן אַסטראָג,
קאָלזמאַן ווי דעם אַרבעטמאַן וועלן באַגלייטן
דער כוישעך, דער אומגליק, די קלאָג.
דאָס האָב איך צוריק מיט אַ רייע פון יאָרן
אין טורמע, פאַרשפּאַרט און פאַרמאַכט,
אין טונקעלער איינזאַמקייט הייליק געשוואוירן —
און מיך האָט געהערט דאַן די נאַכט.

## דזשעק גאַנעוו

דזשעק איז אַ קינד מיט אַ פראָסטלעכן קעפּל:
ער וואונדערט זיך ווי קען עס זיין,
אַז פאַר געגאַנוועטע דריי פוילע עפּל
זאָל ער גיין אין טורמע אַריין.

דזשעק איז אַ קינד פון אַ פרוי א ניט קלוגער:
אַ ווייבל א נאַריש, וואָס מיינט,
אַז דער געזעץ מוז זיין פּאַשעט מעשוגע,
ווייל דזשעק האָט קיין בייז ניט געמיינט.

דזשעק יענעם טאָג איז אַוועק אַ פאַרקלעמטער,
די מאַמע קאָם וואָס זי לעבט;
ווייסט אזא קינד צי ער גאַנוועט, צי נעמט ער,
אַ קינד טראַכט זי יונג און פאַרגרעבט...

אַלץ ביז אַ צייט: דזשעק קומט ענדלעך אַ פרייער,
אַ פרייער פון טורמע צו גיין,
מער נישט די עפּל זיי קאָסטן אים טייער;
דזשעק קומט אַ יאָסעם אַ היים.

## אַ קאַמף-געזאַנג

וויקלט פאַנאַנדער די פאָן די רויטע,
שפּילט אויף אַ מאַרש און גיט זיך אַ ריר!
וועקט אויף די אָרעמע לעבעדיק-טויטע,
זאָגט צו זיי: ברידער, דאָ שטייען מיר,
דאַרטן דער בלוטיקער פיינט.

ווישט אוים פון אַרבעטער אויגן די טרערן,
זאָגט זיי: צו וויינען איז איצט ניט קיין צייט;
זאָל היינט קיין קאָל פון געוויין זיך ניט הערן,
היינט ווען מיר קומען ארויס אף אַ שטרייט,
מיר און דער בלוטיקער פיינט;

וויקלט פאַנאַנדער די פאָן די רויטע,
שפּילט אויף אַ מאַרש און גיט זיך אַ הויב;
האַלט פאַר די אויגן די העלדן די טויטע,
געדענקט די קאָרבאָנעס פון גאָלד און פון רויב!
היינט קעגן בלוטיקן פיינט!

## די רויטע פאָן

אונזער פאָן איז רויט, ליבע ברידער,
ווייל מיר ווילן, אַז קיינער זאָל מער ניט זיין בלאַס;
אַז די פאַרבן פון נויט, ליבע ברידער,
זאָל ניט טראָגן דעם פּאָנעם פון אַרבעטער-קלאַס.

אונזער פאָן איז רויט, ליבע ברידער,
ווייל מע האָט זי באַפאַרבט מיט אַרבעטער-בלוט,
אין די צייטן פון נויט, ליבע ברידער,
אין די צייטן פון רויב און פון מאָרד און פון גוואַלט.

אונזער פאָן איז רויט, ליבע ברידער,
ווייל מיר ווילן דעם פורפור, וואָס האָט אזוי לאַנג
די טיראַנען געקליידט, ליבע ברידער,
איבערגעבן דעם פאָלק מיט אַ יובל-געזאַנג.

## אין קאַמף

ווען עס וועט דער שטרייט באַגינען
פאַר דער פרייהייט, קעגן געלט,
וועט איר עפשער מיך געפינען
אין די רייען אפן פעלד.

דאָרטן וועל איך מיינע ברידער
פירן ניט אַלס גענעראַל,
איך וועל נאָר מיט פרייהייטס-לידער
זיי דערמונטערן איבעראַל.

ווייל צום קאַמף וועט מען באַדאַרפן,
יענעם טאָג פון היץ און דראַנג,
כוץ דער ביקס, דער שווערד דער שאַרפער
אַ באַגייסטערטן געזאַנג.

## עס רירט זיך!

הערט איר, קינדער, ווי ס'רירט זיך,
ווי ס'רירט זיך איבעראַל?
ווי דער ארבעטמאַן מושטירט זיך
צו דעם קאַמף מיט קאַפּיטאַל, —
צו דעם טויט-קאַמף מיטן שינדער,
מיטן גזלן, דעם געלט-טיראַן!
הערט איר, ווי עס רירט זיך, קינדער,
דער באַרויבטער ארבעטמאַן?

הערט איר, קינדער, ווי ס׳רירט זיך,
פילט איר, אז דער קאַמף קומט אָן?
פאַראויס, קינדער, ס׳מאַרשירט זיך
לוסטיק ביי דער רויטער פאָן!
פרייהייט איז דער הערצער צינדער,
אָן טרומייט און באַראַבאַן,
זיינע ברידער, זייט איר, קינדער,
גייט באַפרייען דעם אַרבעטסמאַן.

קינדער, לאַנג גענוג גענאָסן
האָט דער רייכער אַלדאָס גוטס,
בלוט גענוג האָט ער פאַרגאָסן, —
אונזער בלוט צוליב זיין נוץ.
קינדער, מאַרש צום קאַמף געשווינדער,
טראָגט די רויטע פאָן פאַראויס,
איר זייט זיינע ברידער, קינדער,
און ער רופט, דער אַרבעטסמאַן.

## אַ בעזים און אַ קער!

גענוג, איך וויל ניט פיטערן
קיין לידיקגייערס מער;
גענוג פאַר האַרן ציטערן,
אַ בעזים מיר אַהער!
איך דאַרף ניט מער קיין מיטלמאַן,
אַ בעזים און אַ קער!
קיין מיטלמאַן, קיין טיטלמאַן, קיין קיטלמאַן,
ניט מער!

גענוג מיר לאָזן האבעוועץ
געווירים דורך מיין מי;
גענוג פון מיר אייך ראַבעוועץ
און טרייבן מיך, ווי פי!
מיר שרעקט קיין שוואַרצער קיטל ניט,
קיין שוואַרצער יאָר ניט מער;
מיר שרעקט קיין קרוין, קיין טיטל ניט, —
מיין בעזים מיר אַהער!

## גאָטס גאַנאָווים

זיי קומען און דערציילן אייך:
איר דאַרפט זיין פרום און גוט,
און טאָן וואָס זיי באַפעלן אייך,
און ליב האָבן די רוט.

זיי קומען און זיי זאָגן אייך:
איר דאַרפט ניט דענקען פיל,
און ווען די טרייבער יאָגן אייך,
האָט דאָס אַ צוועק, אַ ציל.

זיי קומען און דערקלערן אייך:
איר האָט אַן אַנדער וועלט,
וואו קיינער וועט ניט שטערן אייך
צו טאָן וואָס אייך געפעלט.

איר הערט זיי, הערט זיי, נאַרעלעך,
און לײַדט, און נעמט צו קלעפּ,
און האַלט אויס אַלע האַרעלעך,
וואָס ברעכן אייך די קעפּ!...

י. אַ. ראָנטש

# דעם זיידנס פּיאָנערן־טיכל

### 1. צוגאַסט ביים זיידן

עס איז געווען אין דער וואָך פון זיידנס 72־יאָריקן געבורטסטאָג. איך האָב פאַר דער עלטערער גרופּע דערציילט זיין ביאָגראַפיע און פאַר־געלייענט עטלעכע לידער. קינדער האָבן געשטעלט פראַגעס.

אין פאַרלויף פון שמועס איז באַשלאָסן געוואָרן: באַגריסן דעם זיידן צו זיין געבורטסטאָג — שיקן אים אַ בוקעט בלומען.

מ׳האָט געבראַכט קליינגעלט, אָפּגעהאַלטן אַ מיטינג און באַשלאָסן: צוויי קינדער קויפן דעם בוקעט און צוויי גייען צום זיידן אים איבערגעבן די בלומען.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער, ווען מיר זיינען געפאָרן צום זיידן. פאָרנדיק, האָבן מיך די צוויי קינדער — אַ אינגל און אַ מיידל, פאַרוואָרפן מיט פראַגעס וועגן זיידן.

זיי זיינען געווען אויסגעפּוצט, די בעקלעך האָבן געפלאַמט, אין די אויגן איז געווען אַ פריידיקע אויפרעגונג.

דער זיידע איז געזעסן אין זיין ביבליאָטעק־צימער. אונז האָט אויפ־גענומען זיין טאָכטער. זי האָט צוגענומען די בלומען און זיי אַריינגעשטעלט אין אַ זילבערנער וואַזע, וואָס דער זיידע האָט געהאַט באַקומען פון אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

דער זיידע האָט זיך באַגריסט מיט די קינדער, נאָכגעפרעגט זיך, ווי זיי הייסן, עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט זייערע נעמען, געגלעט דעם אינגל איבער די פּלייצעס, האַרציק געלאַכט, אָנגעקוואָלן פון די קינדערס אויס־זען.

ס'איז אים שווער געווען צו ריידן, דעם זיידן, און אַ סך ווערטער האָבן די קינדער ניט געקענט פאַרשטיין. דאָך האָט מען זיך באַלד צו־זאַמענגערעדט און געוואָרן היימיש. בעני איז געוואָרן רעדעוודיק און גע־שטעלט דעם זיידן פראַגעס. מיריאָם איז נאָך אַלץ געזעסן אַ פריידיק־צעטראָגענע און די צונג האָט איר ניט געדינט.

מע האָט דערלאַנגט פרוכט און טיי. איך האָב דערווייל די קינדער געוויזן די ביבליאָטעק, וואָס פאַרנעמט אַלע ווענט פון צימער.

יעדע שפּראַך האָט זיך אירע שאַפעס. די קינדער האָבן מיט וואונדער אויסגערופן: „רוסיש, פראַנצויזיש, דייטש, ענגליש, אידיש, העברייאיש". דער זיידע האָט זיי נאָכגעפאָלגט מיט שמייכלענדיקע בליקן און האַרציק געלאַכט דורך די געדיכטע וואָנצעס.

ער האָט געהייסן אַרויסנעמען אַ צאָל ביכער צו ווייזן אונז און ער האָט געגעבן אָנגעוויזן, וואו יעדעס בוך שטייט.

דער זיידע בלעטערט בלעטערט בוך נאָך בוך און עס פילט זיך, אַז ער האָט אַזויפיל צו דערציילן, אַזויפיל זיכרוינעס רופט יעדעס בלעטל ביי אים אַרויס.

ער קוקט אויף די בלעטער מיט ליבשאַפט, פאַרטראַכט זיך, הייבט אָן לייענען אַן אַרטיקל, צעשמייכלט זיך, וויל אונז, ווייזט אויס, אַ סך דער־ציילן, נאָר ס'איז אים שווער.

„רעד העכער, פּאַפּאַ, אַז די קינדער זאָלן דיך הערן", זאָגט אים די טאָכטער.

דער זיידע צעלאַכט זיך: „איך וויל רעדן, נאָר איך קען ניט".

די טאָכטער זוכט אַ פּאָרטפעל, וואָס דער זיידע וויל האָבן. דאָרט ליגן בילדער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

דערווייל עפנט ער אויף זיין שופלאַד און נעמט ארויס פון דאָרט אַ נאָטיץ־העפט און ווייזט אונז. דאָס איז אַ קאָנסטיטוציע פון ערשטן אידישן ארבעטער־פאַריין אין לאָנדאָן, געשריבן אין פערלדיקן אידיש, פון ארן ליבערמאַן — איינעם פון די ערשטע אידישע סאָציאַליסטן.

אַט האָט זיך שוין געפונען דער פּאָרטפעל און דער זיידע נעמט ארויס אַ פּאַק מיט פאָטאָגראַפישע בילדער, גענומען מיט אים אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. דער זיידע דערקלערט פאַר די קינדער יעדעס בילד און זיינע אויגן גלאַנצן.

אַט זיצט ער אין קרייז פון אַ הונדערט קינדער פון אַ קינדער־דאָרף לעבן באָברויסק; אָט — צווישן קינדער פון אַ שול, וואָס טראָגט זיין נאָמען, אין וויטעבסק; אָט איז אַ בילד פון אַ ריזיקער מאַסע, וואָס האָט אָפּגעוואַרט דעם זיידן ביי אַ וואָקזאַל און רויט־ארמייער אויף פערד, וואָס צאַמען דעם נייגעריקן עולם.

ווידער אַ בילד פון זיידנס אָנקומען אין אַ שטאָט. די באַן־אָנגע־שטעלטע סאַלוטירן און די מיליץ מיט די ביקסן אין די הענט גיט אָפּ קאָוועד דעם גרויסן גאַסט.

און אָט איז אַ בילד פון זיידן אין קרייז פון לערער אין כאַרקאָוו. אָט שטייט דער זיידע אויף אַ באַלקאָן און אונטן — אַ באַגייסטערטע מאַסע, וואָס פאָכעט מיט די היטלען און טיכלעך צום זיידן, און אויף אַלע ווענט ארום — פּלאַקאַטן אין פאַרשיידענע שפּראַכן, וואָס באַגריסן דעם זיידנס אָנקומען.

אויף דער צווייטער זייט פון די בילדער געפינען זיך אויפשריפטן פון די אינסטיטוציעס מיט די אונטערשריפטן פון די באַאַמטע. די אונטער־שריפטן זיינען האַרציקע וואונטשן צום זיידן.

דער זיידע זוכט עפּעס אין פּאָרטפעל און גיט אַ שמייכל, ווען ער גע־פינט אַ פּעקל, אין וועלכן עס ליגט דאָס רויטע פּיאָנערן־טיכל, וואָס ער האָט באַקומען אַ מאַטאָנע.

ער הייסט מיריאַמען דאָס אָנטאָן און ער קוועלט אָן פון איר. אויפן טיכל איז אויסגענייט מיט גאָלדענע בוכשטאַבן אין אידיש, פון איין עק: „דעם ערן־פּיאָנער מ. ווינטשעווסקי אַ מאַטאָנע", און פון אַן אַנדערן — די איניציאַלן פון דער אָרגאַניזאַציע אין וויניצע.

דער זיידע רופט צו די קינדער און הייסט זיי דאָס מיטנעמען פאַר דער שול אַ מאַטאָנע. איך פּרוואו אים אָפּרעדן. דאָס זעלבע טוט די טאָכטער,

נאָר דער זיידע וויל ניט הערן דערפון. און ווען די קינדער דאַנקען אים, דריקט ער זיי צו זיך און קושט זיי אויף די באַקן. איך זע, ווי אויף זיינע אויגן פּערלען זיך טרערן.

איך גיב זיך אַ כאַפּ, אַז מיר זיצן שוין ביי צוויי שאָ און מיר הייבן זיך אָן געזעגענען. דער זיידע וויל וויסן מער וועגן אונזער שול: וויפיל קינדער מיר האָבן, וואָס פאַר אַן עלטער, א. א. וו.

ער זאָגט צו די קינדער: „ווען איך וועל זיך פילן שטאַרקער, וועל איך קומען צו אייך אין שול, איצט בין איך שוואַך".

די קינדער דערציילן אים, אַז אַלע קינדער האָבן זיך געריסן קומען אים זען. דאַן זאָגט דער זיידע, אַז עס האָבן געקענט קומען מער קינדער.

ער צעקושט זיך ווידער מיט די קינדער און דערוויסנדיק זיך, אַז מיר גיבן אַרויס אַ זשורנאַל, בעט ער די קינדער, זיי זאָלן ניט אַריינשרייבן אין אים, אַז ער האָט זיי געקושט. און דערביי צעלאַכט ער זיך מיט אַ יונג געלעכטער...

ניט אַזוי גיך האָבן זיך די קינדער געקענט באַפרייען פון דעם שטיפּערישן זיידע, וועלכער האָט אַריינגענומען אין זיין האַנט זייערע הענטלעך און זיי ניט אָפּגעלאָזט און זיך גערייצט מיט זיי: „נו, גייט". און צו מיר אַ זאָג געטאָן: „איר, לערער, גייט אַהיים. זיי בלייבן ביי מיר..."

## 2. די לעווייע

מיר זיינען געגאַנגען צו דער לעווייע. מיר האָבן געוואוסט, אַז מען וועט אונז צו אונזער זיידן ניט צולאָזן, זיינע עמעסע אייניקלעך ניט צולאָזן. אונזערע קינדער האָבן שוין פאַרשטאַנען און געפילט, וואָס פאַר אַ פאַרברעכן דאָ איז באַגאַנגען געוואָרן.

יאָ, זיי האָבן אַליין געזען, ווי די פּאָליציי לאָזט זיי צום זיידן ניט צו. פּאָליציי אויף מאָטאָרציקלען, אויף פערד, פּאָליציי מיט קלאָבס אין די הענט, מיט מערדערישן בליק אפן פּאָנעם.

יאָ, אונזערע קינדער האָבן געזען, ווי די פּאָליציי האָט זיך אַ לאָז געטאָן אפן פרידלעכן עולעם, וואָס האָט געוואָלט זיך געזעגענעם מיטן זיידן. קלאָבס זיינען געפלויגן איבער קעפּ; דער עולעם איז געשטויסן געוואָרן אָף צוריק. נאָר אַ דאַנק דער דיסציפּלין איז עס צו קיין פּאַניק ניט געקומען.

אונזערע קינדער האָבן אויך געלערנט אַ לעקציע אין מאַסן־אַקציע. דער ריזיקער עולעם איז ניט אַנטלאָפן, בלויז אָפּגעטראָטן אויף עטלעכע

שפּאַן און גלייך זיך כוואַליעדיק אַ לאָז געטאָן פּאָראויס און אונזערע קינדער מיט אים. און ווייל מען איז געווען אַנטשלאָסן און געקעמפּט — האָט מען געוואונען.

מער ווי אַ שאָ איז מען געשטאַנען אין ריי און געדולדיק געוואַרט אַ בליק צו טאָן דעם לעצטן מאָל אַפן זיידן. מען האָט געקלאַפּט אַ פּוס אָן אַ פּוס פון קעלט, מען איז געווען אויסגעהונגערט, נאָר ווי עמעסע פּיאָנע־רישע שול־קינדער געוואַרט און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער.

די קינדער פון אונזערע אַרבעטער־שולן זיינען געקומען, ניט געקוקט אויף דער געפאַר פון פּאָליצייאישע קלאָבס און פערד, זיך געזעגענען מיטן זיידן, וואָס האָט אַזוי שטאָלצירט מיט זיין פּיאָנערן־טיכל און פּאַרטיי־ביכל.

ניט זיינע אייגענע קינדער, זיין אייגן בלוט־און־פלייש, האָבן געוואוסט ווי אָפּצושאַצן זייער פאָטער, נאָר די קינדער פון אונזערע שולן האָבן פאַרשטאַנען ווער דער זיידע איז געווען און וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַר די אידישע אַרבעטער.

און קלוג האָט דער זיידע געהאַנדלט, ווען ער האָט אונזערע קינדער געשאָנקען דאָס טייערע פּיאָנערן־טיכל פון וויניצע. ער האָט געוואוסט, אַז מיר וועלן דאָס טייער האַלטן, שטאָלצירן מיט דעם און דערציען אונזער יונגוואַרג פאַר פּיאָנערן, פאַר קעמפער פון פּראָלעטאַריאַט.

די קינדער פון אונזערע שולן וועלן אויספאָלגן דעם זיידנס געבאָט: זיי וועלן נעמען דעם געזונטן בעזים און אויסקערן די וועלט פון דעם שמוץ, אַזוי ווי דער זיידע האָט געהייסן:

„געגנוג! איך וויל ניט פיטערן
קיין לײדיקגייער מער.
געגנוג פאַר האַרן ציטערן —
אַ בעזים מיר אַהער!
איך דאַרף ניט מער קיין מיטלמאַן —
אַ בעזים און אַ קער!
קיין מיטלמאַן, קיין טיטלמאַן,
קיין קיטלמאַן ניט מער!